ס ע ר ג ײ  א ו י ס ל ע נ ד ע ר

608 6

MICROFORM

# קלײנוואַרג



מעלוכע־פֿאַרלאַג פֿאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין או.ס.ר.ר.
כאַרקאָוו 1933 קיעוו

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פונעם בוך און די קאַרטלעך פאַר
ביבליאָטעק־קאַטאַלאָגן זיינען אָפּ־
געדרוקט אין „צייטשריפט פון דרוק־
און אין דעם „קאַרטאָטשנע־רעפּערטו־
אַר־ פון דער אוקראַיִנישער בי־
כער־פּאַלאַטע.

אַ. פּ. ט.
נ־טע אינטערנאַציאָנאַלע ביכער
: : און צייטונג־פאַבריק : :
כאַרקאָוו, טשערוואָני ריאַד, 28־25

אוקרהויפּטליט נום. 14434
באַשטעלונג 475 טיראַזש 5150

PRINTED in U.S.S.R.

פאַראַנטוו. רעד.—מ. קאַמענשטיין
רעדאַקטירט—א. העזירקין.
טעכרעדאַקטאָר — ז. העקסלער.
נום. 29ג, אָפּגעגעבן אין זאַץ
דעם 28־טן מערץ, אונטערגעשריבן
צום דרוק דעם 25־טן יונ.
פּאַפּיר 72x110—50 קג. 1/20.
6,8 פּאַפּיר־בויגנ, אין פּאַפּיר־
בויגנ 95,160 דרוק־צייכנס.

# יאטנ אונ קלײנװארג

— קלײנװארג, שטערט ניט! קלײנהארג, שטיפּט ניט! קלײנװארג, די ביכער טשעפּעט ניט! קלײנװארג, װידער אָנגעמיסטיקט!

דעם גאַנצנ טאָג איז נאָר מע הערט: קלײגװארג אונ קלײנװארג. פארטורקעט גאָר אינגאנצנ דאָס קלײנװארג.

קלײנע זײנענ סאכאקל אינעם קינדערהײמ פאַראַנ פיר: מאניע, טאַני, ניושע אונ ליאלע, אונ עלטערע־א גאַנצע מאכנע, א שטיק צװאנציק – איז קאמאנדעװענ זײ איבערנ קלײנװארג.



עמעס, דאָס קלײנװארג זײנענ טאקע קלײנינקע-מע זעט זײ פונ אונטערנ טיש ניט ארויס, אָבער רירעװדיקע; קײנ אײנ מינוט זיצט מענ ניט רויק, אונ װאָס ס׳איז שײעכ קאָלערלײ שטיפערײענ, — בעריעס אײנע אינ דער װעלט.

װי נעמט זיכ גאָר סײכל אלצ צוצוטראכטנ: אינ אקװאריום דעם קראנ עפענענ אונ דאָס גאנצע װאסער ארויסלאָזנ; א בלײַער צושלעפּנ אונ דעם גאנצנ אויװנ באמאָלנ, אינ װאנע זיכ פארקלײַבנ אונ דאָרטנ שאָדנ אָנטאָנ, די קיניגלעכ פונ שטײַג ארויסלאָזנ — גאָרניט איבערצודערצײלנ די שפּיצלעכ.

נאָכ יעדער שטיפערײ, װאָס די קלײנע טוענ אָפּ, רופנ די יאטנ צונויפ א פאַרזאמלונג אונ באטראכטנ, װאָס צו טאָנ מיט די קלײנע. דאס קלײנװארג הויבט, פארשטײט זיכ, אופ א געװײנ, אונ נאָכדעמ טוענ זײ װידער זײערס.

ווי די גרעסערע קינדער זאָלנ זיי ניט שרעקנ, האָבנ זיי קיינ מוירע ניט.

— אָט וועלנ מיר אייכ אינ א באק אפ א גאנצנ טאָג אריינזעצנ.

— מיר וועלנ אייכ צו א טאָטער אָפגעבנ.

די קליינע מאכנ אנ אָנשטעל, אז זיי וויינענ, גאָר אינדערעמעסנ האָבנ זיי פאר קיינ זאכ קיינ מוירע ניט.

— קיינ טאָטערנ זיינענ גאָר אפ דער וועלט נימאָ — שעפטשעט טאניע צו די קליינע.

— אונ אינ באק איז דאָס העלדזל א שמאָלס, ווי אזוי וועט מענ אונדז אהינצו פארשטופנ? — לאכט שטילינקערהייט מאניע.

קליינוואַרג וועסטו ניט אָנשרעקנ: זיי זיינענ ניט קיינ באראָנימ, וועלנ זיכ אויסוויינענ אונ ווידער עפעס א שטיפעריי צוטראכטנ.

איז פרילינג געקומענ, — אונ דאָס קליינוואַרג איז גאָר געוואָרנ העפקער-פעטרישקע, אָט האָבנ זיי זיכ די פיס דורכגענעצט, אָט האָבנ זיי די ציג פונ שטאל ארויסגעלאָזט, אָט מיט א באל אינ פענצטער דערלאנגט.

פאָשעט קיינ קויעכ ניטאָ אפ זיי אומעטומ אכטונג צו געבנ.

אונ די צייט איז בא די יאטנ א הייסע: מע דארפ דעמ גאָרטנ איבער-גראָבנ, פרילינג-באָאבאכטונגענ מאכנ אונ פיל אנדערע אינטערעסאנטע זאכנ.

האָבנ די יאטנ א פארזאמלונג צונויפגערופנ: באהאנדלענ די ארבעטנ אונ לימודימ. צומ סאָפ איז מענ ווייטער צומ קליינוואַרג געקומענ. וואָס טוט מענ מיט זיי, ווו טוט מענ זיי אהינ, זיי זאָלנ ניט שטערנ אונ ניט אָנ-טאָנ קיינ שאָדנס?

— אָנשרעקנ זיי? וועסטו זיי סיי ווי ניט אָנשרעקנ, מע דארפ פרוּווּנ מיט גוטנ.

זאָגט זיי אָליע, איינע פונ די עלטערע מיידלעכ:

— הערט זיכ איינ, קליינוואַרג, איר זייט טאקע קליינינקע, נאָר פאר-שטיינ דארפט איר. מיר דארפנ איצט אסאכ ארבעטנ, עס זאָלנ אויסוואקסנ מערנ, צוקער-בורעקעס, ארבעס, קאָרטאָפל אונ אסאכ אנדערע זאכנ, וואָס איר וועט אויכ עסנ. בעטנ מיר אייכ זייער, שטערט אונדז ניט ארבעטנ אונ האלט זיכ שטילער. מיר וועלנ אייכ מיט קיינ זאכ מער ניט דראָענ. פאָשעט אזוי.

אסאכ פונ די יאטנ האָבנ אָליענ אויסגעלאכט:

— אָט פאָלגנ זיי דיכ מיט דיינע גוטע רייד.

— זיי וועלנ דיר באלד באווייזנ.

אונ קליינוואַרג וויינט ניט, שטיל געוואָרנ אונ קוקט זיכ איבער.

װען די יאַטן האָבן די פאַרזאַמלונג פאַרענדיקט, האָבן זיך דאָס קלײנ־װאַרג אין אַ װינקל הינטער דער טיר צונױפגעקופּקעט און שעפּטשענדיק געפירט זײער אײגענע פאַרזאַמלונג.

— לאָמיר אײנגאַנצן נישט שטיפן — האָט פאַרגעלײגט טאַניע.

— װאָס הײסט, אײנגאַנצן נישט? — האָט מאַניע אױסגעצױגן.

טאַניע האָט אַ טראַכט געטאָן:

— נו, אַ קאַפּעלע, ספּשער...

— װאָס זשע זאָלן מיר דעמאָלסט טאָן? ס'איז לאַנגװײליק.

— מיר װעלן אױך אַרבעטן און שטילינקערהײט, די יאַטן זאָלן ניט זען, און דערנאָך װעלן מיר װײזן — האָט זיך ניושע אָנגעצונדן.

דאָס קלײנװאַרג האָט אַ טראַכט געטאָן און האָט צוגעשטימט:

— דאָס איז אױך אינטערעסאַנט, אַרבעטן און נאָך שטילינקערהײט. מע דאַרף אַ פּרוּװ טאָן.



האָט זיכ קלײנוואַרג פאַר דער אַרבעט גענומענ — ניט קײנ גרינגע זאַכ. מע האָט זיכ אַ פּלאַצ אױסגעקלױבנ לעבנ ציגענעמ שטאַל. אַ פײנ אָרט, אָפּ דער זונ, אונ קײנער קומט ניט אַהערצו. אַרבעט איז באַמ קלײנוואַרג אַריבערנ קאָפּ.

דעריקער, אַז קײנער זאָל ניט באַמערקנ. כאָטש כעוורע האָט זײ װײניק װאָס אינ זינענ. אַ גאַנצנ טאָג איז מענ מיט אײגענער אַרבעט פאַרנומענ. װעגנ דעמ קלײנוואַרג האָט מענ פאַרגעסנ. מע איז צופרידנ, װאָס זײ פּלאָנטערנ זיכ ניט אונטער די פיס אונ שטערנ ניס.

לױפנ אַרױס די קלײנע אינ גאָרטנ, גיבנ אַ קוק, װאָס די יאַטלעכ טוענ, אונ װידער צו זיכ הינטערנ ציגענעמ שטעלעכל: אונ באַלד הױבט מענ אָנ נאָכאַמאָל דאָס זעלבע. מע סאָפּעט, מע פּלײסט זיכ. ס'איז נאָר שװער די לאָפּעטקעלעכ צו קריגנ, אַז די יאַטלעכ זאָלנ ניט באַמערקנ. נאָר אַ קלײנ לאָפּעטקעלע האָט זיכ געפונענ. קײנער פונ די יאַטנ האָט זי ניט געװאָלט נעמענ, קעסײדער האָט מענ זיכ איבער איר געקריגט, האָט דאָס קלײנוואַרג די לאָפּעטקע אינ שטאַל אױסבאַהאַלטנ.





שווער איז עס אָנגעקומען דעם קלײנוואַרג. די בײט איז גאָר ארויס אַ קרומע. ניט אײנמאָל האָט מען זיך געקריגט, ס׳איז אפילע צו א געשלעג געקומען, נאָר לאָזט אימיצער א הויך געוויין ארויס, זאָגט באַלד טאַניע:

— די עלטערע וועלן דערהערן. זײ וועלן קימען.

ווערט באַלד שטיל.

געענדיקט די בײט. כאָטש א קלײנע, א קרומינקע, נאָר דערפאר אן אײגענע, א קלײנוואַרגישע.

די יאַטן האָבן גענומען זעצן. דאָס קלײנוואַרג גײט נאָך זײ נאָך, ווי די הינדעלעך.

קערט זיך א יאָט נאָר אָפּ — צאַפּ, עמעצער פון קלײנוואַרג גיט שוין אַכאַפּ א פויסטל זוימען און מיט א זײט, מיט א זײט גײען זײ הינטערן ציגענעם שטעלכל און נעמען זיך צום זעצן מיט א פינגער מאַכט מען א גריבל. אהין ווערט געלײגט דאָס קערנדל, און מע פארגראָבט אלץ ווי עס באדארף צו זײן.

פארזעצט. ס׳איז געקומען צום באַגיסן. וואָסער איז געטראָגן געוואָרן אין ליאַלקע־טשײניקל. עמעס, ס איז אויסגעקומען פיל מאָל לויפן צום טײך נאָך וואסער, נאָר פיס זײנען אײגענע — זועלן ניט אראָפּפאלן. בא די יאָטלעך ווערט שוין דער גאַנצער גאָרטן באַגאָסן און קלײנוואַרג האָט נאָך אלץ צוטאָן מיטן בײטל זײערן.

אײנמאָל האָט זיך אן אומגליק געטראָפן. געגאַנגען איז ניושע נאָך וואסער, האָט זיך אין טײך א פליוך געטאָן. אזאַ שלימאזלניצע! די יאָטן האָבן זי ארויסגעשלעפּט א נאַסע, א קויטיקע און ארומגערינגלט זי:

— צו וואָס ביסטו אין טײך געקראָכן, וויפל מאָל האָט מען אָנגעזאָגט?

ניורע וויינט און מיטאמאָל גיט זי עס א שיס ארויס:

— באַגיסן!

טויטע זײנען זײ געבליבן, דאָס קלײנוואַרג. צי דען וועט זי זײער סאָד ארויסגעבן? נאָר די יאָטלעך האָבן זיך צעשריגן:

— מיר ווייסן, ווי אזוי איר באגיסט, איר רועכט ארום!
דעם קליינוואָרג איז אפּן הארצן גרינגער געוואָרן:
די יאַטן האָבן גאָרניט באַמערקט — אָט סיאַראַ נאַראָנים.
האָט זיך געענדיקט די ארבעט אפּן גאָרטן, האָבן די יאַטן א פּאַרזאַמלונג צונויפגערופן, געמאַכט באריכטן, ווער וואָס פאַר אַן ארבעט האָט פאַרן פרילינג אָפּגעטאָן.
קליינוואָרג האָט זיך אויך דאָ געפּלאָנטערט, נאָר דער פאַרזאַמלונג ניט געשטערט, ניט געטומלט, גייען נאָר אַמאָל אוועק אין א ווינקל און סוידען זיך דאָרט.
— ווער וויל נאָך עפּעס זאָגן? — האָט געפרעגט אָליע — דער פּאָרזיצער.
דאָ האָט טאַניע די האַנט אויסגעצויגן.
אַלע האָבן אפּ איר געקוקט פאַרוווּנדערט.
— וואָס ווילסטו זאָגן? — האָט אָליע געפרעגט.
— מיר האָבן אויך געארבעט... א בייט... האָט טאַניע אָנגעהויבן.
די יאַטן האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, זיך צעשריגן, ניט געגלויבט.
בא טאַניען האָבן די ליפּן אָנגעהויבן ציטערן — באַלד וועט זי זיך צעוויינען.
אָליע האָט שטרענג אזוי מיטן פּלייער געקלאַפּט און געזאָגט צו די קינדער:
— טומלט ניט, זייט אַזוי גוט!
טאַניע פאַרהיקעט זיך, נאָר דאָ האָט זיך אריינגעמישט דאָס גאַנצע קליינוואָרג, און אַז פיר קוילעס האָבן זיי אַלע מיטאַמאָל דערציילט.
האָבן זיך די יאַטלעך א וואָרפּ געטאָן אָנקוקן די קליינוואָרגישע בייט.
עמעס, אַ קרומע און א קליינע, נאָר א בייט איז פאַראַן.
— אָט האָסטו דיר קליינוואָרג, ווילע כעוורע!
זיינען אויסגעוואַקסן אפּ דער קליינוואָרגישער בייט 3 מערן, א ריבּ און אַנאַב פּעטרישקע. יעדער טאָג איז דאָס קליינוואָרג אַמאָל דריי געלאָפּן צו דער בייט, די יאַטן אויך — קוקן, וואָס וואַקסט אפּ דער בייט פונעם קליינוואָרג.
אז אַלץ איז אויסגעוואַקסן, האָט מען באַשלאָסן, פון דער קליינוואָרגישער בייט גאָר ניט עסן, נאָר פאַרטריקענען עס, און א גרויסן פּלאַקאַט האָט מען געמאַכט, אַלץ אופגעקלעפּט און מיט גרויסע אויסיעס אופגעשריבן:
„צונויפגעקליבן אפּ דער קליינוואָרגישער בייט.
אורא, אונזדער קליינוואָרג"!

# קינדער - פריינט

ארומגיינ איינעמ אליינ איבער די גאַסנ איז אינטערעסאַנט, נאָר עס שרעקט אביסל: אווטאָמאָבילנ, טראַמווייענ, פורמאַנעס, יינגלעכ־צולאָכעסניקעס, הינט גרויסע — געפאַרנ זיינענ ניט ווייניק פאַראַנ.

נאָר וואַליע האַלט דעמ קאָפּ הויכ, די הענט אינ די קעשענעס פארוקט אונ גייט זיכ, ווי ער וואָלט פאר קיינ שומ זאַכ קיינ מוירע ניט געהאַט.

בעשאָלעמ בינ דער סאַמע שול דערגאַנגענ, אינ הויפ פארקערעוועט, ס'איז אימ נאָר פאַרבליבנ אָפּ די טרעפּ זיכ אופהויבנ.



אונ דאָ איז עס געשענ.

אינמיטנ גאַנעק איז געזעסנ אנ אָפּגעריסנ, קויטיק יינגל, א צעפּאַטלטס אונ אָנ א היטל.

ער האָט זיכ פאַנאַנדערגעלייגט אפנ גאַנעק אזוי, אז דו וועסט איבער אימ בעשוימויפנ ניט אריבערשפּרינגענ.

וואַליע איז מיט א וואַזשנער מינע צוגעגאַנגענ אונ געזאָגט:

וואָס האָסטו זיכ פאַנאַנדערגעלייגט, דורכגיינ קאָנ מענ ניט!

דאָס יינגל האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר פונ אונטער דעמ שטערנ ביינז אזוי קוק געטאָנ.

נאָר וואַליע מוז דאָכ דורכגיינ.

— פאַרנעמ זיכ פונ דאַנענ, לאָז א וועג! ווייסט ניט וואַליע, וואָס הויבט מענ דאָ אָנ צוטאָנ: איבערשפּאַנענ קאָנ

מען ניט, אראָפּשטופּן, קאָן נאָך יענער אזוי א שטופּ טאָן, אז דו זאָלסט ווי א דריידל זיך אראָפּקייקלען.

נאָר ווייזן, אז דו ציטערסט, טויג אויך ניט. כאָטש ער איז א קלײנינקער וואַליע, נאָר אן איינגעשפּאַרטער. האָט ער זיך גלייך אפן יינגל גיין געלאָזט.

— לאָז דורך, צו דיר רעדט מען!

יענער האָט איין פוס צוריק געצויגן, דורכגעלאָזט, און נאָכדעם פון הינטן איבערן רוקן א האק געטאָן און בייז געשיפּעט:

שמאיען דאָ ארום בורזשויעס אזעלכע.

וואַליען טוט וויי און דעריקער ס׳פארדריסט אים: — וואָס פאַר א בורזשוי איז ער? דער טאַטע זיינער איז א קאָמוניסט, און ער אליין וועט א פּיאָנער ווערן באלד, ווי ער וועט אונטערוואקסן. אזוי שטאַרק האָט עס אים פארדראָסן, אז ער האָט ניט אויסגעהאלטן און זיך צערעוועט. לויפט איבער די טרעפּ און וויינט, און דאָס יינגל שרייט אים נאָך מיעסע זידלווערטער.

אלע האָבן זיך צו וואַליען א וואָרף געטאָן, פרעגן:

— וואָס האָט געטראָפן, ווער האָט עס דיך?

און וואַליע קאָן אפילו ניט דערציילן, ווי עס באדארף צו זיין.

— דאָרט, אונטן, אפ די טרעפּ, א יינגל שלאָגט זיך.

האָבן זיך אלע קינדער א וואָרף געטאָן, קימאט די גאנצע שול האָט זיך אפ די טרעפּ ארויסגעשאָטן, פאר וואַליען זיך איינשטעלן. דאָס יינגל האָט ניט באוויזן אנטלויפן, ער האָט זיך פארהאקט אין א ווינקל הינטער די טרעפּ, קוקט ארויס ווי א וועלפל. די יאטלעך מיט די פויסטן אפ אים.

— וואָס כוליגאנעוועסטו, אָט וועלן מיר דיר איינטיילן!

די לערערן מאריע סערגייעווגע איז ארויסגעשפּרונגען.



— וואָס טוט זיך דאָ, כעוורע, וואָס שרייט איר?

ווילן דערציילן אלע מיטאמאָל, מע שלאָגט איבער איינער דעם צווייטנ. ענדלעך האָט פארשטאַנען מאריע סערגייעוונע און פרעגט באַם ייִנגל:

— און דו, צו וואָס ביסטו אהער געקומען, פאַרוואָס טשעפּעסטו זיך צו אונדזערע קינדער?

ווהין זאָל איך גיין? כ'האָב שוין צוויי טאָג גאָר ניט געגעסן? — ענטפערט דאָס ייִנגל, און אליין קוים וואָס ער האלט די טרערן איין.

זייענדיק די קינדער אנטשוויגן געוואָרן, זיי האָבן זיך פארשעמט און ראכ־מאָנעס באַקומען, זיי זיינען גלייך אײַעקגעלאָפן, ברויט און צוויי עפּל געבראכט און מע שטופּט עס דעם ייִנגל. מאריע סערגייעוונע זאָגט:

— מע דארף אים ווי ס'גיט איז איינאָרדענען. ווארט א רעגע.

זי האָט זיך געלאָזט ארופ, קלינגען אינ טעלעפאָן.

די קינדער שטייען ארום דעם ייִנגל, צעדרודלטע. זיי האָבן גענומען אים פאנאנדערפרעגן. דאָס ייִנגל האָט אָפּגעגעסן, איז אביסל פריילעכער געוואָרן. דערציילט, אז ער איז פון א הונגעריקער גובערניע, שוין דאָס צווייטע יאָר, ווי ער שלעפּט זיך ארום. ער האָט שוין אלץ איבערגעטאָן און איצט — פון די קויכעס זיך אדויסגעשלאָגן. אלץ אויסדערציילט: ווי ער האָט אינ קעסלען פון אונטערן אספאלט גענעכטיקט, ווי אזוי ער האָט נעראָוועס געבעטן, אפן מיסט־הויף צוזאמען מיט די הינט קארטאָפל־שאָלעכץ און ביינער אויסגעזוכט...

מאריע סערגייעוונע איז צוריקגעקומען. זי האָט שוין אלץ איינגעאָרדנט, כאָטש עס איז איר שווער אָנגעקומען, ווייל די אופּנעמערס אינ קינדער־היימער זיינען איבערפולט, דאָך האָט מען איינגעשטימט אים צוצונעמען.

צוויי ייִנגלעך האָבן זיך ארויסגערופן באגלייטן אים ביזן אופּנעמער, ווייל ער האָט ניט געוווסט די גאַסן און האָט געקאָנט פארבלאָנדזשען.

דערנאָך, שוין אינ קלאַס, האָט מאריע סערגייעוונע לאנג דערציילט, אז אסאך אזוינע היימלאָזע, הונגעריקע יעסוימים בלאָנדזשען ארום איבער אלע שטעט און דערפער, נאָך דער מילכאָמע, נאכן הונגער האָבן פיל קינדער פאר־לוירן זייערע אייגענע, פאר זיי ווערן היימען געעפנט, אופּנעמער, קאָלאָניעס, נאָר עס פעלן אויס מיטלען, קעדיי צו באַזאָרגן און אָנהאָדעווען אָט די אלע קינדער. מע דארף, אז אלע זאָלן העלפן, מיט וואָס איינער קאָן.

זי האָט באוויזן א ביכעלע, אפ וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן: „קינדער־פריינט".

אזא ביכל גיט מען ארויס יעדערן, ווער עס וויל העלפן די היימלאָזע קינדער.



אלע קינדער האבנ גלייכ גענומענ באטראכטנ, מיט וואָס זיי קאָנענ העלפנ.

פאָרשלאָגנ זיינענ געווענ אסאכ: זאמלענ צווישנ באקאנטע אונ אומבאַקאנטע, אָפּזאגנ זיכ פונ יאָנ־טעוו אונ מאטאָנעס, איינאָרדענענ א ספעקטאקל לעטויוועס די היימלאָזע...

ווי נאר וואליע איז אהיימגעקומענ, האט ער קוידעמקאָל דעמ טאטנ אַ פרעג געטאָנ:

— דו ביסט א „קינדערפריינט”, ווייז נאָר דיינ ביכעלע.

דער פאטער האט זיכ צעלאכט אונ באוויזנ. אונ בא יעדערנ, ווער עס איז נִיט געקומענ, סיי באקאנטע אונ סיי אומבאקאנטע, האט-וואליע דאָס-זעלביקע געפרעגט. אונ יעדערער, ווער עס האט זיכ נאכ ניט פארשריבנ פאר א קינדער־פריינט האט זיכ פארשעמט אונ צוגעזאָגט וואליענ אומבאַ־דינגט מאָרגנ פארשרייבנ זיכ.

# מישעס באשעפטיקונגען

פארן זומער איז זיך מישע אָנגעלאָפן, אָנגעשפּילט אזוי, אז אף די פּיאַטעס זײַנען אים מאָזאָליעס אױסגעװאַקסן, אבער אזױנע מאָזאָליעס שטאַרקע, אז מישע האָט זײ געקאַלופּעט, געקאַלופּעט און אָפּרײַסן ניט געקאָנט.

זומער װעסטו מישען אינמיטן טאָג מיט א ליכט ניט געפינען. סטײעט ער ניט פון אײַנדערפרי אָן, מעג מען שױן פארגעסן אָן אים.

לױפט אַרײַן אָפּעסן, גיט א ביס ברױט, טוט א זשליאָקע און טאַראַט זיך דורכן הױף דורכשמוגלען, אפילע דאָס עסן גיט דורכקײַענדיק.

— ס׳טראָגט דיך אום, — װאָרטשעט די מוטער, — קײן רו קומט אף דיר ניט.

נאָר אָט האָט זיך די רו געפונען.

ס׳האָט פארקערעװעט דער הארבסט.

אָן א מאנטל איז שױן גלײַכער אפן הױף ניט אַרױסצוקריכן, דאָס רעגנדל קאָן זיך נאָך אזױ אומעטיק צעטריפן: קאַפּ, קאַפּ, קאַפּ, גלײַך עס װײנט אימיצער.

פּעטיע און אָליע האָבן פון דער פרי אָן איבער די קאַלוזשעס אין שול אװעקגעטיאָפּקעט. דער הױף איז א פוסטער.

מישע האָט זיך פארן זומער אָנגעהוליעט. צײַט זיך נעמען פאר ארבעט. און ארבעט האָט זיך בא מישען אופגעקליבן א היפּש ביסל.

פאָטער און מוטער זײַנען אף דער ארבעט אװעקגעגאנגען און אָנגעזאָגט זיצן שטיל, אָן שטיפערײַען. אָנשטאָט אן ענטפער האָט מישע נאָר מיט דער נאָז א שמאָרע געטאָן.

װען ער איז אלײן אינעם צימער געבליבן, האָט ער זיך ארומגעקוקט און זיך פאר דער ארבעט גענומען.

שױן פון לאַנג אָן האָט ער דעם עלעקטרישן צײלער־אַפּאַראַט אין אױג געהאַט.



הענגט הויך אין קאָרידאָר, צווישן קאָמאָד און טיר, א קליין, שווארץ, גלאַנציק קעסטעלע, און עפּעס אין אים דרייט זיך שטילערהייט.

דער פאָטער האָט מישען איינציקע מאָל אויפגעהויבן צום ציילער, נאָר פאַנאַנדערקלויבן אים, ווי עס געהער צו זיין, האָט זיך פאר איין מינוט ניט איינגעגעבן, און מיט די הענט אָנרירן טאָר מען ניט.

מע מוז זיך צום ציילער דערשלאָגן און וועגן אלץ זיך גוט דערוויסן, וואָס צו ווענען האָט א שייַכעס און ווי אזוי עס ארבעט.

צו דערדאָזיקער ארבעט איז מישע פריער פאר אלץ צוגעטראָטן.

פון אָנהויב האָט ער זיך ארומגעקוקט, צי אלץ איז רויק.

באַטאָג פלעגן אלע פון דער דירע אף ארבעט אוועקגיין, נאָר צוויי אל־טיטשקע—טאראַסאָוונע און פּראָקאָפּיעוונע שורשען עפּעס אין קיך. אָט פאר די אַלטע דארף מען טאקע אמיינסטן ציטערן, ביידע בייזע און האָבן גרויסע אויגן, גלייך באַמערקן זיי אלץ, פאר וואָסער ארבעט זאָלסט זיך ניט נעמען, טשאַטעווען זיי נאָך און צעשיפּען זיך, ווי די שלענג:

— וווהין, פאַסקודניאַק, וווהין, טייוול, נימאָ וועך עס זאָל דיר די הויט אראָפּציען!



אויך א האַנט האָבן זיי ליב צולייגן די אלטע, כאָטש קיין רעכט אף דעם האָבן זיי ניט.

צו מישען האָבן זיי קיין שום שייכעס ניט. איינע איז פּעטקעס באָבע און טאראסעוונע איז אפילע קיינעמס באָבע ניט.

שטילינקערהייט איז מישע אין קיך אריינגעגאנגען א קוק צו טאָן אף די אלטע. טאראסעוונע איז אפּן מארק אוועק, און פּראָקאָפּיעוונע האָט אין א קעסעלע קארטאָפל געקאָכט.

נאָר גאָרנישט. זי האָט זיך אף מישען ניט צעבייזערט, אדרבה, מישען איבערן קאָפּ א גלעט געטאָן.

— אומעטיק איז. דיר אפ א ווינטערדיקנ לעבנ איבערגייג. אוועקגעפלויגנ דער ליכטיקער זומער.— האָט פראָקאָפיעווגע געזאָגט און מישענ א צעקאָכטע קאַרטאָפל געגעבנ, א געשמאקע קאַרטאָפל, נאָר א צו הייסע.

מישע האָט העפלעכ געדאנקט.

פּראָקאָפיעווגע איז צו זיכ אינ צימער אוועק. זיכ צוגעזעצט טרינקענ טיי — און פונ דערדאָזיקער ארבעט וועסטו זי אזוי גיכ ניט אָפרייסנ.

מישע האָט ניטגעפאטערט קיינ צייט, א טובערעטקע פונ דער קיכ ציגעש־לעפּט, און צומ קאָמאָד צו. איינס און צוויי האָט ער זיכ אפּנ קאָמאָד ארופ־געדראפעט און אָט איז ער שוינ באַמ סאַמע צייגער.

אָנ אייזערנ שוואַרצ קעסטל, אינ מיטנ א גלעזעלע, און הינטער דעמ גלעזעלע באוועגט זיכ שטיל א רעדעלע.

אינ קעסטל ציענ זיכ שנורנ שטאַרקע אינ זייער שיינע, אסאַכ שנורנ. אויב מע זאָל פונ זיי איינע אָדער צוויי אראָפּשניידנ, וועט עס קיינער אפילע ניט באַמערקנ, און מישענ וועלנ זיי זייער צונוצ קומענ.

אַ מעסערל האָט שוינ מישע לאנג אינ דער קעשענע פארבאַהאַלטנ, האָט ער דאָס אַרויסגעשלעפּט, און ס'איז אוועק אנ אַרבעט.

נאָר די שנורנ זיינענ שטאַרק צוגעפעסטיקט, אזוי גיכ וועסטו זיי ניט אַראָפּרייסנ.

און אינ גלעזעלע דרייט שטילערהייט דאָס רעדעלע, גלייכ עמעצנס אויגל ווינקט מישענ אונטער.

ווייזט אויס, אז דאָרטנ אינ אפּאַראט־צייגער זיצט זי די עלעקטרע — איז מי־שענ איינגעפאלנ, און אָנגעשטרענגט איבער די שנורנ מיט א מעסער געריבנ.

געעקבעט, געעקבערט, עס האָט אימ אזש אינ א שווייס ארייגעוואָרפנ, און עס שרעקט אביסל, — און טאָמער שפּרינגט ארויס די עלעקטרע פונעמ צייל־קעסטל!

ענדלעכ האָט זיכ איינ שנור אונטערגעגעבנ, אָפּגעשוואכט געוואָרנ, און מישע זעגט אימ מיטנ מעסער, ווי מיט א זעג. — טראַכ, — ענדלעכ איבערגעזעגט!

מישע האָט מיטנ פינגער דעמ אָפּגעשניטענעמ שנור אָנגערירט, געצאצקעט זיכ מיט אימ און צוגעטראכט, צו וואָס ער קאָנ דעמ שנור צוטשעפּענ.

— איי! — האָט מישע אויסגעשריגנ און שיר פונ קאָמאָד ניט אראָפּגעפאלנ.

דער שנור האָט פארנ פינגער שטארק א ביס געטאָנ, גלייכ עמעצער זאָל א נאָדל ארייגשטעכנ און איבער דער גאנצער האנט האָט זיכ א ווייטעק, ווי מוראש־קעס, פאנאדערגעלאָפּנ.

— אוי, אוי, — האָט מישע מיט דער האַנט געטרייסלט.

ער האָט זיך שיר ניט פאַנאַנדערגערעוועט, נאָר באַצייטנס זיך איינגעהאַלטן, ס׳פעלט נאָך, אַז פּראָקאָפּיעווגע זאָל דערהערן, וועט זי קומען צולויפן און דעמאָלט וועסטו שוין פון זידלערייען ניט אַרויסקריכן.

האָט מישע געקוקט אויפן שנור און פאַרשטיין ניט געקאָנט, ווער זשע האָט עס אים אַזוי שטאַרק פאַרן פינגער אַ ביס געטאָן.

האָט זיך מישע מיט מוט אָנגענומען און ״ידער דעם שנור אָנגערירט, און דער שנור, ווייזט אויס, איז גאָר בייז געוואָרן.

האָט ער עס פאַרן פינגער אַ כאַפּ געטאָן, שיר די גאַנצע האַנט ניט אָפּגעריסן.

מישע האָט שוין פאַרגעסן, אַז ער דאַרף זיך היטן, פאַנאַנדערגעוואָיעט זיך און פון קאָמאָד ווי אַ דריידל אַראָפּגעפלויגן.

פּראָקאָפּיעווגע האָט זיך פונעם טיי־טרינקען אָפּגעריסן, אַרויסגעלאָפן און געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, האָסט זיך צעשלאָגן אַוואַדע? וואָס רעוועסטו?

מישע טרייסלט נאָר מיט דער האַנט און שרייט ניט מיט זיין קאָל:

— אוי, ס׳טוט ווי, ס׳טוט ווי — און אַליין קוקט ער אויפן ציילער־אַפּאַראַט מיט אימע — ס׳איז געזען, ס׳אַרא ביייסנדיקע זאַך דאָס איז?

גוט, וואָס פּראָקאָפּיעווגע איז אַלט און האָט קיין סייכל ניט, האָט זי גאָר ניט פאַרשטאַנען, אויפן ציילער קיין קוק ניט געטאָן און האָט מישען טרייסטן אָנגעהויבן:

— נו, וויין ניט, וויין ניט, איך וועל דיך מיט טיי אָנפּאָיען, אַ בייגל געבן.

האָט זיך מישע אויף פּראָקאָפּיעווגעס קאָסטן צוגעזעצט, טיי אויסגעטרונקען, מיט אַ בייגל פאַרביסן, זיך באַרואיקט אַביסל, אָפּגערוט — דאַרף מען זיך פונדעסטוועגן צו עפּעס אַן אַרבעט נעמען.

ווען־מישע איז אין קאָרידאָר דעם ביייסנדיקן ציילער פאַרבייגעגאַנגען, איז אים אַזאַ פּאַכעד באַפאַלן, אַז ער האָט די אויגן צוגעמאַכט — אָט, אָט, וועט פון דעם שוואַרצן קעסטל די עלעקטרע אַרויסשפּרינגען און וועט אַ ביס טאָן.

האָט זיך מישע איבערן קאָרידאָר אַזש לויפן געלאָזט, די טיר פאַרהאַקט, קוים באַ זיך אין צימער דעם אָטעם געכאַפּט.

איז מישע אויפן פענצטער אַרויפגעקראָכן, אויפן הויף אַ קוק געטאָן. אַ רעגן גיסט. זומער איז דאָס פענצטער אייגאַנצן אָפן געווען, און איצטער איז עס

שטארק, שטארק צוגעמאכט, די שפאלטן אפילע זיינען מיט קיט פארשמירט.

מישען האט זיך פארוואלט דאס פענצטער צעעפענען — לאזט ניט די מאסטיקע. האט גענומען מישע דאס מעסער און אנגעהויבן די מאסטיקע אראפקאלופען, אלעך געטון, א קיי געטאן — זויער און קלעפיק, שטייט צו צו די ציין, וועט נאך דאס מויל פארקלעפן, און דאס מויל וועט זיך ניט אופעפענען — ווי עס עפנט זיך ניט אט דאס פענצטער.

קוים א האלב פענצטער האט מישע באוויזן אפקאלופען, די ארבעט איז ניט פון די גרינגע, און איבערן קארידאר — טריט, פאטער און מוטער קערן זיך אום פון דער ארבעט צו



ווארמעס. בא דער ארבעט איז די צייט גיך דורכגעפלויגן.

מישע האט בא דער ארבעט אפילע ניט באמערקט, ווי גיך די צייט איז דורכגעפלויגן.

איז מישע פונעם פענצטער אראפגעקראכן, זיך א ווארף געטון זיי אנטקעגן.

דער פאטער האט אים הויך אפן אקסל אופגעהויבן און געפרעגט:

— נו, וואס, מישוק, לאנגווייליק צו זיצן אין שטוב אן ארבעט?

און מישע מאכט, אפ יעדן פאל, א שווייג וועגן זיינע געשעפטן. מיט זיי, מיט די גרויסע קאן מען זיך דען צונויפרעדן? בא זיי איז דאך די סאמע טשיקאוועסטע זאך גאר א פוסטער אייסעק.

ווי נאר מע האט זיך צו ווארעמעס געזעצט, האבן עמעצנס טריט אין קארידאר שאפן אנגעהויבן, און א דינינקער קאל האט דורכגעזונגען:

— עלעקטרע!

מישע האט אזש אופגעציטערט, ווען ער האט דאס דערהערט.

דער פאטער האט זיך צעלאכט:

— ס'ארא שרעקעוודיקער דו ביסט געווארן, מישוק. דאס איז דאך דער עלעקטרע־ציילער געקומען א קוק טאן, וויפל עלעקטרע מיר האבן אויסגעברענט.

אין טיר האט אריינגעקוקט אן אלטיטשקער אין א לעדערן רעקל מיט עפעס א ביכעלע אין דער האנט און געפרעגט מיט א דינינקן קאל:

— ווּ הענגט דאָ בּא אייך דער ציילער־אפאראַט, דערלויבּט זיך דערוויסנ?

— בּיטע, בּיטע, אָנ דאָרט אינ קאָרידאָר הענגט ער — האָט דער פאָטער אפנ ציילער־אַפאַראַט אָנגעװיזנ.

דער אלטיטשקער האָט א קוק געטאָנ אונ דערשטוינט געוואָרנ:

— וואָס איז דאָס? די דראָטנ זיינענ איבּערגעשניטנ!

האָט זיך דאָס אבּיסל אופגעהויבּנ א סקאַנדאל!

פונ אַלע צימערנ איז מענ ארויסגעשפרונגענ, צעליאַרעמט זיך, איינער דעמ צווייטנ פאָר ווורפנ געמאַכט, אונ דער אלטיטשקער מאַכט מיט די הענט אונ טרייסלט מיט דער בּאָרד.

פראָקאָפּיעוונע האָט א שפרונג געטאָנ אונ זיך צעשיפעט:

— דאָס איז מישקעס ארבּעט. ער האָט זיך דאָ אינ קאָרידאָר געפּאָרעט אונ נאָכ דעמ זיך צעקוויטשעט, אפאָנימ ס'האָט אימ פאַרנ האַנט א בּיס געטאָנ.



אלע אפ מישענ אונ ער שטײט א בלײכער, ציטערט אונ לײקנט ניט אָפּ. דער אלטישקער לאָזט זיך אויך אפ מישענ ארופ:

— שוינ זשע מעג מענ אזוי שטיפנן עס האָט דאָך דיך געקאָנט דערהאַר־גענען, כוצפּעניק דו אײנער!

די מוטער איז אינ קאַס געוואָרנ אונ האָט זיך צעשריגנ:

— נײנ, דאָס מאָל מוז איך אים אָפּשמײסנ, ניט אנדערש, נאָר אָפּשמײסנ אים!

לאַנג האָט מענ געפּילדערט, קוים זיך באַרויקט. דער אלטיטשקער האָט נאָך צוגעזאָגט צ׳שיקנ א מאָנטיאָר.

די מוטער האָט מישענ פארנ אקסל אָנגעכאַפּט, אונ אינ צימער אוועק־געשלעפּט:



— שמײסנ, שמײסנ! — האָט זי געשריגנ.

דאָ האָט זיך דער פאָטער פאר מישענ אײנגעשטעלט אונ פונ דער מוטערס הענט צוגענומענ.

— שטעל זיך אינ א ווינקל — האָט ער בײז געזאָגט אונ דערנאָך צו דער מוטער:

— הער אופ, מאַטרענ, שלאָגנ דאָס קינד וועל איך סײ ווי ניט דערלאָזנ.

לאַנג האָבנ פאָטער אונ מוטער איבער מישקען זיך געקריגט, אונ ער איז געשטאַנענ אונ געציטערט — טאָמער דער־הארגעט אים טאַקע די עלעקטרע.

ענדלעך איז די מוטער הײזעריק געוואָרנ, מיד געוואָרנ זיך זידלענ אונ גענומענ צורוימענ די שטוב.

דער פאָטער איז פונ ווינקל צו ווינקל ארומגעגאַנגענ, די האָר געשויבערט, נאָכדעם געזאָגט:

— אומעגלעך דאָס ייִנגל לאָזנ אײנעם אלײנ גאַנצע טעג. דעם נאָכער גײט שוינ דאָס פינפטע יאָר. מע דאַרפ אים עפּעס צו אנ ארבעט צושטעלנ. כ׳ וועל אים מאָרגנ אינ קינדער־גאָרטנ אָפּפירנ.

ווידער האָבנ זיך פאָטער אונ מוטער צעקריגט.

די מוטער האָט מישקענ ניט געוואָלט לאָזנ אינ קינדער־גאָרטנ אונ דער פאָטער האָט זײנס געכאַזערט:

— קינדער־גאָרטן און קינדער־גאָרטן.

מישע איז אין א ווינקל געשטאַנען און געטראַכט, וואָס איז עס פּאַר א גאָרטן און וואָס וואַקסט דאָרט.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט מישע ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט:

און ביימער מיט מאַלינעס וואַקסן דאָרט?

— ס׳ וואקסן, ס׳ וואַקסן, האָט זיך דער פּאָטער צעלאַכט. אַלץ איז דאָרט פאַראַן.

— ריטלעך גוטע וואַקסן דאָרט, קעדיי שטיפערס צו שמייסן — האָט די מוטער געזאָגט, נאָר מישע האָט געזען, אז זי איז שוין אויך מער ניט אין קאַס.

אזוי האָט מישע ביזן סאַמע אָוונט וועגן קינדער־גאָרטן געטראַכט.

ער האָט זיך שלאָפן געלייגט און אין כאָלעם אָ גרויסן גאָרטן געזען, ביימער ריזיקע און אַף זיי עפּל און קאַווענעס, און מאַלינעס — אַלץ, וואָס דו ווילסט נאָר אַליין.

★

גאַנץ פרי האָט דער פּאָטער מישען אופגעוועקט.

— נו שטיי אוף, מישוק, גענוג שוין פוילן זיך, צייט זיך בעמען פּאַר אַן אַרבעט, ביסט שוין ניט קיין קליינינקער. כ׳ וועל דיך היינט אין קינדער־גאָרטן אָפּ־ירן צופיל שוין ביסטו צעבאַלעוועט געוואָרן — אזוי האָט דער פּאָטער גערעדט, און מישע האָט פון שלאָף ניט געקאָנט דערמאַנען זיך אין אַלץ. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט אַן דער נעכטיקער געשיכטע מיטן עלעקטרישן צײלער־אפּאראַט און אין אַלע איבעריקע שטיפערייען זיינע.

— נו, מאַמע, ריכט אויס דעם באָכער אין הײג אריין — האָט דער פּאָטער צו דער מוטער געזאָגט.

די מוטער האָט מישען אונטערן קראַן אַרומגעוואַשן, די האָר מיט א קאַמ צוגעגלעט, א ריין העמד אָנגעטאָן.

די טיי האָט מישע ניט דערטרונקען, די גאַנצע צייט דעם פּאָטער אונטערגעאיילט און זיך פאַנאַנדערגעפרעגט, וואָס איז עס פּאַר א גאָרטן, און וואָס וואַקסט דאָרט — עפּל, באַרן, מאַלינעס צי קאַווענעס.

— אָט וועסטו שוין זען, קוועקזילבער דו, — האָט דער פּאָטער געלאַכט.

מיט א וואזשנער מינע זיינען זיי דורך די גאַסן געגאַנגען. מישע האָט אפילע אין די זייטן ניט געקוקט, בא די פענצטער פון די קראָמען זיך ניט אָפּגעשטעלט, די הינט ניט געררייצט.

דער קאָפּ איז ניט דערביי.

ניט קיינ קלייניקייט — מע גייט אינ גאָרטנ אָפּ אַרבעט.

א גרויסער רויטער מויער.

זיי זיינענ ארופּ אָפּ טרעפּ.

הינטער דער טיר האָט עפּעס געהודיעט.

— אָט דאָ מוז עס זיינ, — האָט דער פּאָטער געזאָגט אונ אַליינ אויכ ווי עפּעס זיכ דערשראקנ אונ די טיר פּאָרזיכטיק אופגעעפנט.

קוילעס האָבנ מישענ פּאַרטויבט, פונ אַלע זייטנ טראָגג זיי זיכ.

מישע האָט אינ פּאָדער־צימער צו א וואַנט זיכ צוגעקלעפּט. ער האָט מוירע זיכ א ריר טונ. דער פּאָטער האָט עפּעס מיט א פרוי איבערגערעדט אונ נאָכדעם מיט מישענ זיכ געזעגנט:

— נו, שטיפּ ניט. אָט האָסטו שוינ דעם קינדער־גאָרטנ. פונ דער אַרבעט וועל איכ נאָכ דיר אריינקומענ.



נאָך איידער מישע האָט באַוויזן עפּעס זאָגן, איז פונעם פּאַטער קיין שפּור שוין ניט געבליבן.

— אַ נו, קריך נאָר אַרויס — האָט די פרוי געזאָגט — וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? באַ אונדז בייסט מען זיך ניט. ווי רופט מען דיך?

ווילסט יאָ, צי ניט, אַרויסקריכן מוז מען. די פרוי האָט אים פאַרן אַקסל אָנגענומען און אַוועקגעפירט אין אַ גרויס צימער.

אין צימער האָבן זיך געדרייט, אַרומגעלאָפן, געזונגען און געשריגן קינדער, באַ מישען האָט אַזש אין די אויגן פינקלען אָנגעהויבן.

ווי נאָר מע האָט מישען דערזען, האָבן זיך אַלע אָפּ אים אַרופגעוואָרפן.

— אַ נייַינקער, אַ נייַינקער, אַ נייַינקן געבראַכט — שרייען די קינדער און טאַנצן אַרום מישען, די אויגן אָפּ אים אויסגעגלאָצט. מישע האָט זיך קוים קוים איינגעהאַלטן און ניט צערוועט זיך.

די פרוי האָט מישען אַרויסגעהאָלפן.

— נו, גענוג זיך מאַכן משוגע — האָט זי געזאָגט — און דעם נייַינקן לאָזט צו רו, לאָזט אים זיך צוגעוווינען, פאַרנעמט די ערטער.

די קינדער האָבן ניט באַלד, נאָר פאָרט געפאָלגט און זיך אַוועקגעזעצט אָפּ בענקלעך באַ קליינינקע טישעלעך.

אַ מיידעלע איז פאָרויס אַרויסגעשפּרונגען:

— מומע מאַניע — מעג מען דעם קליינינקן יינגעלע אַלצ ווייזן? — האָט זי געפרעגט.

די מומע־מאַניע (אַזוי האָט מען די פרוי גערופן) האָט מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטאָן.

— אַן אומרויקע ביסטו געוואָרן, ליאָלקע. נו גוט, איך גיב אָפּ דעם נייַינקן אָפּ דיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאָר דו באַליידיק אים ניט.

ליאָלקע האָט זיך דערפרייט, אָנגעהויבן פליעסקען מיט די הענט, אָנגעכאַפּט מישען פאַרן אָרבל און צו איר טיש אַוועקגעצויגן, אָפּן בענקל אַוועקגעזעצט, און אַזוי ערנסט פאַראָרדנט:

— זיץ רויק. כ׳וועל באַלד ברענגען אַרבעט.

האָט מישע פאַרשטאַנען, אַז ער איז איצט אַריינגעפאַלן אין ליאָלעס רעשוס, און ס׳איז גאָרניט צו מאַכן. וועסט ניט אַנטלויפן.

ליאָלקע האָט צוויי בויגן פּאַפּיר געבראַכט — אַ געלן און אַ בלויען — און אַ שער. בעריעש אַזוי צו דער אַרבעט זיך גענומען, אַ רעדל נאָך אַ רעדל אויסגעשניטן.

ליאָלקע האָט זיכ געפּלײַסט.. א שפּיצ צונג אזש פאַר אײפער ארויסגע-שטעקט. גלײכע קײַלעכיסע רעדלעכ זײנענ אײנס נאָכנ צװײטנ אפנ טיש גע־פאַלנ.

מישע האָט פונ די רעדלעכ די אויגנ ניט אראָפּגענומענ, אַימ האָט זיכ געװאָלט אלײנ אזױנע רעדלעכ אויסשנײדנ, אבער בעטנ האָט ער זיכ געשעמט.

די מומע מאַניע איז צוגעגאַנגענ, ליאָלקעס אַרבעט באַטראַכט אונ גע־לויבט זי, נאָכדעמ געזאָגט:

דו גיב מישענ אויכ אויסצושנײדנ, לאָז ער זיכ צולערנענ.

ליאָלקענ האָט זיכ ניט געװאָלט די שער אָפּגעבנ. זי האָט געװאָרטשעט:

— ער קאָנ ניט, ער װעט נאָר פּאַפּיר פּאַטערנ, — נאָר די מומע מאַניע איז ניט אָפּגעטראָטנ.



האָט ליאָלע געמוזט די שער אָפּגעבן.

בא מישען האָבן אזש די הענט געציטערט, ווען ער האָט שערן אָנגע־הויבן, און דאָ שיפּעט נאָך ליאָלקע אונטער דער־האַנט:

— גלייכער, גלייכער, פאַרשער זיך ניט.

— מישע האָט אויסגעשניטן א רעדל. ער האָט אַליין געזען, אַז דאָס רעדל איז עפּעס ניט גאָר גלייך ארויסגעקומען, ס׳געווען קרום אפ איין זייט. ליאָלקע האָט שיפּען אָנגעהויבן:

ס׳אַראַ קרום רעדל ער האָט עס אויסגעשניטן, אַפּ קאַפּאָרעס טויג עס, כ׳וועל עס סיי ווי ארויסוואַרפן.

מישע איז רויט געוואָרן. אַלע קינדער גיבן זיך א צי אָנקוקן מי־שעס קרום־זייטיק רעדל, און מע לאַכט, כאָטש נעמ און ווער איינגעזונקען פאַר בושע.



די מומע־מאַניע האָט ליאָלקען אָפּגע־שטעלט:

שוין צופיל פאַרייסטו די נאָז. אין אָנ־הויב האָסטו אזוינע רעדלעך אויך ניט אויסגעשניטן. וויפל פּאַפּיר האָסטו געפּאַטערט. און ער מאַכט עס צום ערשטן מאָל. ער וועט זיך אויסלערנען און נאָך דיך ־ אריבעריאָגן.

דאָך האָט ליאָלקע די שער אָפּגענומען און ניט געגעבן מער. און מישע האָט אפי־לע ניט געבעטן, נאָר אופמערקזאַם זיך צוגע־קוקט. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער זיך אויס־לערנען.

דערפאַר, אַז מע האָט דעם קלייסטער געבראַכט, די רעדלעך צונויפצוקלעפּן, האָט ליאָלקע אין איין רעגע די נאָז און די פינגער אויסגעשמירט און די רעדלעך קרום און לאַם צונויפגעקלעפּט. דאָ איז שוין מישע צוהילפ געקומען. מיט קלייסטער איז ער באַקאַנט, ער האָט געקלעפּט אויסגעצייכנט און אינגאַנצן איין פלעק אפן העמד געמאַכט. ער האָט זייער גוט צונויפגעקלעפּט. די מו־מע־מאַניע האָט געלויבט אפילע.



מע האָט פאַרענדיקט די אַרבעט.
די קינדער האָבן ווידער גענומען טומלען און שפּרינגען, און מישע רוקט זיך איבער די ווינקעלעך, ער וויל אַלץ דערגיין, וואָס איז דאָס פאַר אַ גאָרטן, אַז קיין זאַך וואַקסט דאָרט ניט—ניט קיין עפּל, ניט קיין מאַלינעס און ניט קיין קאַוועס.

ליאָלקע שטייט ניט אָפּ, זי האָט מישען איבער אַלע צימערן אַרומגעפירט און אַלץ דערקלערט. אָפּ די ווענט — בילדער און צאַצקעס.

— מיר האָבן עס אַלץ אַליין געמאַכט — האָט זיך ליאָלקע באַרימט.

מישע האָט זיך מיט מוט אָנגענומען, געפרעגט ענדלעך בא ליאָלקען ווו דאָ וואַקסן די עפּל און מאַלינעס.

ליאָלקע האָט מיטן קאָפּ אַ דריי געטאָן.

— אַ טײַערע מעציע עפּל. מיר קאָנען אַליין אַלץ מאַכן — אי עפּל, אי מאַלינעס, אַפילע אַן עראָפּלאַן האָבן מיר.

מישע האָט דאָס מויל צעעפנט.

און בעעמעס טאַקע. אָפּ אַ פּאָליצע איז געשטאַנען אַן עמעסער עראָפּלאַן, געמאַכט פון טאָוול און שטעקעלעך, אָבער אינגאַנצן אַן עמעסער.

מישע האָט וועגן עפּל און מאַלינעס אפילע טראַכטן פאַרגעסן.

מע איז אוועק אין אַ צווייטן צימער זינגען, דערנאָך האָט מען אָנבייסן געגעסן, דערנאָך האָט די מומע מאַניע אַ ביכל געלייענט, און ווידער האָט מען גע־אַרבעט.

מישע האָט ניט באַמערקט, ווי די צייט איז דורכגעפלויגן.

אַז מע האָט זיך אָנגעהויבן קלייבן אַ היים, איז מישען אפילע באַנג־לעך געוואָרן.

דער פאָטער האָט אים אָפּ דער גאַס געפרעגט:

— איז וואָס פאַר אַן עפּל וואַקסן דאָרטן אין גאָרטן?

מישע האָט ערנסט מיטן קאָפּ געשאָקלט, פּונקט ווי ליאָלע און גע־ענטפערט:

— וואָסערע עפּל! עראָפּלאַנען וואַקסן דאָרט און וואָס נאָר דו ווילסט. אָט דאָס איז אַ גאָרטן! שוין איינמאָל אַ גאָרטן!

# אָקטיאַבער - יאַנטעוו

פּעטקע איז דעמאָלט אַלט געווען פיר יאָר, אין פינפטן. ניט קיין קליינינקער שוין, דאַרף שוין אַלץ פאַרשטיין.

און ער איז ניט קיין נאַר, פאַרשטייט טאַקע.

די מוטער לאָזט אים ניט אין גאַס אַרויס, זי זאָגט:

באַלד וועט זיין ווינטער. וועסט זיך נאָך צוקילן. די שטיוול דיינע זיינען הוילע לעכער.

ניט קיין זומער איז אין דרויסן — ס'איז שוין אָקטיאַבער.

ווי נאָר די מאַמע איז הינטער טיר, איז שוין פּעטקע אויפן הויף, מיט אָקטיאַבער און רעגן וועסטו אים ווייניק וואָס אָנשרעקן.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך אָריינגעכאַפּט; די מאַמע האָט אים א כאַפּ געטאָן, אָנגעפּליאַסקעט, צוריק אין שטוב אַריינגעשלעפּט, און דעריקער, וואָס זי האָט די שטיוול פון די פיס אַראָפּגענומען און באַהאַלטן.

באַרוויסערהייט וועסטו זיך שוין ניט אַנלויפן.

דעם דריטן טאָג זיצט שוין פּעטרושילע אין שטוב: א מוירעדיקער אומעט. אין א קעלער ווויגען זיי. פון די פענצטער זעט מען נאָר פיס, הינט, קעץ, און אַז מע צינדט אָן דעם לאַמטערן, ליגן זיך אויפן טראָטואַר קיילעכיקע ליכט־פלעקן.

ווי אַפילו צולאָכעס ברענט שוין דעם דריטן טאָג ניט דער לאַמטערן, און אַנטקעגן, אויפן וואָד, איז אויך פינצטער. אומעטיק אַזוי. און דאָ האָט נאָך דער טאַטע זיך פאַרזאַמט; די צווייטע נאַכט, אַז ער נעכטיקט ניט אינדערהיים.

די מוטער איז אויסער זיך. נאָר זי וויינט און לויפט פאַרן טויער און אויף פּעטקען ליגט זי קיין שום אַכט ניט.

איר איז גוט אַרומצולויפן, און דו זיץ זיך איינער אַליין אין קעלער, און אָן ליכט אַפילע.

פעטקע איז בעטעיזע א הארמער, נאָר דאָ האָט ער ניט אויסגעהאלטנ אונ א רעװעריי אופגעהויבנ..



די מוטער איז געקומענ צולויפנ, ניט געזידלט זיכ, פעטקענ אפנ שויס גענומענ, אינ איר וואַרעמענ שאַל איינגעוויקלט, דריקט אימ צו זיכ אונ שמאָרעט אליינ מיט דער נאָז, וויינט ניט בעסער פאַר פעטקענ.

— אָרעמע יעסוימימ זיינענ מיר פאַרבליבנ, אלע זיינענ אינ שלאַכט אָוועק. וואָס וועט מיט אונדז זיינ?

אונ דאָ — באַכ־באַכ־באַכ, ס'האָט געבאַכקעט אונ געבאַכקעט, אז אלצ האָט זיכ געטרייסלט. די שטוקאטורקע האָט זיכ א שאָט געטאָנ, די פענצטער האָבנ זיכ צעקלונגענ. פעטקע האָט אַפילע וויינענ אופגעהערט. דאָס איז שוינ גאר נשיקאווע אונ שרעקלעכ.

— מאַמ, מאמ, וואָס באַכקעט עס, א דונער? — האָט פעטקע געפרעגט.

די מאַמע קוימ, קוימ, וואָס זי לעבט פאַר שרעק, דאָס לאָשנ האָט זי פאַרלוירנ.

זי דריקט צו זיכ שטאַרקער פעטקענ אונ שעפטשעט שטילערהייט:

— שווייג, זונדל, שווייג, ניט קיין דונער איז עס, נאָר א מילכאָמע, און אונדזער טאַטע שלאָגט זיך דאָרטן.

ווענגן מילכאָמע פאַרשטייט פּעטקע אויסגעצייכנט. זומער האָבן זיי אַלײן אָפּן מיסט־הויפן אַזאַ מילכאָמע פאַרפירט, אַז ס'איז שוין געווען וואָס צו זען, מע האָט דעמאָלסט פּעטקען די נאָז צעבלוטיקט, און ער האָט ניט געוויינט, גלייך ווי גראַניט.

— מיט וועמען פירט מען א מילכאָמע, מאַמע? מיט וועמען וועט זיך דער טאַטע שלאָגן? — פרעגט ווידער פּעטקע און האָט קיין קאָפּ ניט מוירע; מילכאָמע איז דאָך די פריילעכסטע שפּיל.

און די מאַמע שעפּטשעט אַלץ שטילער:

— שווייג, זונעלע, שווייג, מיט בורזשויעס און אָפיצערן.

אָפּ זייער גאַס איז אויך א בורזשוי פאַראַן, פּעדקע רופט מען אים, אַזאַ אָפּגעפּאַשעטע מאַרדע און א בארימער. אָט ווען מען לייגט עס אים אריין, ער זאָל האָבן צו געדענקען!

לאַנג זיינען פּעטקע מיט דער מוטער אַזוי געזעסן איינער צום צווייטן שטאַרק צוגעטוליעט. אין דרויסן האָט אַלץ געקנאַקט און געדונערט אַזוי, אַז די ווענט האָבן זיך געטרייסלט.

פּעטקע האָט זיך דערוואַרעמט און דרימלען אָנגעהויבן, אַפילע א כאָלעם געזען: ס'גייט דער טאַטע אַ פריילעכער און שלעפּט פאַרן קאַלנער פּעדקען דעם בורזשוי. פּעטקע האָט זיך דערפרייט, מיט די פיס זיך צעבריקעוועט, זיך אויפגעכאַפּט, און לעבן דער טיר טאַקע — א גערויש פון טריט — עמעצער גייט.

די טיר האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן דער פאָטער, אונטער די הענט האָבן אים אונטערגעהאַלטן דער פּעטער איוואַן — דער שלאָסער און נאָך אַ צווייטער, אַן אומבאַקאַנטער.

— נעם צו, באַלעבאָסטע, האָט דער פּעטער איוואַן געזאָגט ער איז צעדראַפּעט, דיין באַלעבאָס.

די מאַמע האָט מיט די הענט א פּליעסקע געטאָן, איינגאַנצן אויפגעציטערט, קאָן זיך פונעם אָרט ניט רירן.

זיי האָבן דעם פאָטער אין בעט אריינגעלייגט און אוועקגעגאַנגען.

געלעגן איז דער פאָטער, שוואַרץ איינגאַנצן, די ליפּן ווייסע, געלעגן און שווער געקרעכצט. די מוטער האָט זיך ארום אים געפּאָרעט. דאָס העמד איז אָפּן טאַטן צעפּליקט, אָפּ דער ברוסט פאַרבונדן אין אַ קנופּ און דורכן העמד רויטע פלעקן־בלוט.

פּעטקע האָט אָפּן טאַטן געקוקט, ער האָט אים יאָ דערקענט און ניט דערקענט, — עפּעס מאָדנע־טונקל איז דעם טאַטנס פּנים געוואָרן, און ער רעדט קיין וואָרט ניט, קרעכצט נאָר.

די מאַמע לויפט אהין און אהער. שכנים זײַנען זיך צונויפגעקומען, אַלע זיפצען, וויינען.

דער פאָטער האָט די אויגן אופגעעפנט, א טרונק געבעטן, דערנאָך לאַנג אָפּ פּעטקען געקוקט, ווי ער וואָלט פּעטקען אויך ניט דערקענט. מיטן פינגער האָט ער פּעטקען צוגערופן, שמייכלען א פּרוו געטאָן און רעדן אָנגעהויבן:

— נישקאָשע, ברודער רעטושילע!...

נאָר עפּעס האָט דער פאָטער געזאָגט, נאָר אזוי שטיל, אז ס׳איז געווען ניט צו דערהערן, דערנאָך די אויגן פאַרגלאָצט, זיך צעכריפּעט און אינגאַנצן בלוי געוואָרן.

די שכנים האָבן זיך אָפּן קאָל פאַנאַנדערגעוויינט:

— ער שטאַרבט, ער שטאַרבט!...

די מוטער האָט זיך אָן דער ערד א זעץ געטאָן און א גלאָז צעבראָכן.

קוקט פּעטקע אָפּן פאָטער, וויינט ניט, נאָר קלעמט צינויף די ברעמען.

7 יאָר איז פון יענעם אָוונט דורכגעגאַנגען. דאָס צוועלפטע יאָר גייט שוין פּעטקען. ער האָט זיך אויסגעצויגן, אויסגעגלייכט.

און אָט גייט ער היינט איבער דער גאַס.

דעם קאָפּ אָפּ צוריק אָפּגעוואָרפן. שפּאַנט מיט פעסטע טריט, ער זאָל זיך פּונעם פוס ניט אַראָפּשלאָגן, וואָרעם פון פאָרנט, בא די זייטן און פון הינטן גייען און גייען אָן א שיר אזוינע, ווי ער.

פריילעך שלאָגט אָפּ דער שרויט אין דער פויק, עס שאַלט די מוזיק ס׳רעוועג אווטאָמאָבילן.

שפּאַנט פּעטקע אין די רייען פון גאַס צו גאַס פון ליק צו ליק, ענדלעך איז מען אָפּן פּלאַץ אַרויס.

ס׳פלאַטערן רויטע פאָנען, גייען גרויסע און קליינע, אַלטע און גאָר אייפעלעך.

בא אַלעמען איז דער אויסזען א פריילעכער און א פייערלעכער.

הייגט איז דאָך יאָנטעוו.

---

# באַמערקטע דרוק־פעלערן

| זייט | שורה | | שטייט | מע דארף לייענען |
|---|---|---|---|---|
| 11 | 6 | פונויבן | | דער פראגע־צייכן איז איבעריק |
| 11 | 17 | ״ | אדויסגעשלאָגן | ארויסגעשלאָגן |
| 15 | 10 | פונינטן | שרערקט | שרעקט |
| 26 | 12 | ״ | באַרוויסערהייט | באַרוויסערהייט |
| 29 | 10 | פונויבן | ועסוסילע | פעטרושילע |
| ״ | 1 | פונונטן | הייגט | היינט |

פרייז 50 קאָפּ.

Єврейською мовою:
**С. АУСЛЕНДЕР**
**МАЛЮКИ**




На еврейском языке:
**С. АУСЛЕНДЕР**
**МАЛЫШИ**

ДЕРЖАВНЕ ВИДАВНИЦТВО НАЦІОНАЛЬНИХ МЕНШОСТЕЙ УСРР ПРИ ПРЕЗИДІЇ ВУЦВК'у.